בתיה בענדער

# אין ראָד פון לעבן

פארלאג „בתיה בענדער“
באָסטאָן, 1932

# איינלייטונג

---

בדרך כלל זענען איינלייטונגען אַן איבעריקע זאַך. דער קינסטלער, וועלכער איז גרייט אַרויסצוגיבן זיינע געשאַפענע זאַכן אין בוכפאָרם, דאַרף שוין זיין רייף גענוג און אויך זעלבסטבאַוואוסט, צו וויסן וועלכע פון זיינע געשאַפענע זאַכן דאַרפן אַריינגיין אין דער זאַמלונג און וועלכע דאַרפן אויסגעלאָזט ווערן.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אין דעם פאַל פון אַן אָנפאַנגער, און באַזונדערס מיט די לידער פון בתיה בענדער, וועלכע דער לייענער האָט איצט פאַר זיך. די לידער זענען אין ערגעץ ניט פאַרעפנטליכט געוואָרן. לייענענדיק זיי פילט איר אָפט די אומבאַהאָלפנקייט פון דעם אָנפאַנגער, פאַר וועמען יעדע זאַך איז אַ טעמע; און פון דער אַנדערער זייט אטעמען די לידער מיט נאַטירלאַכקייט און קלאָרע שפורן פון אמת'ן טאַלאַנט, געשריבן מיט האַרץ און געפיל.

איך האָב דעריבער געפילט אַ חוב צו דערמוטיקן די דיכטערין, און האָב זיך אונטערגענומען צו העלפן מאַכן מעגלאַך די דאָזיקע אויסגאַבע, און איך האָף, אַז די דיכטערין וועט קיינמאָל ניט דאַרפן חרטה האָבן פאַרוואָס זי האָט די לידער פאַרעפנטלאַכט.

אין אַזאַ שווערער צייט, וואָס מיר לעבן איצט איבער, וואו די מערסטע פון אונז זענען אָנגעפילט מיט ספקות און יאוש וועגן אונזער ליטעראַטור, איז יעדער נייער טאַלאַנט פאַר אונז אַ פרייַלאַכע דערשיינונג, און דאַרף דערמוטיקט ווערן.

אױף מײַן אחריות, און מיט דער דערמוטיקונג פֿון פֿרײַנט, דערשײַנט דאָס דאָזיקע בוך לידער. עס איז אַ שײנער אָנהײב, און לאָמיר האָפֿן, אַז בתיה בענדער װעט זיך ניט אָפּשטעלן, אַז איר טאַלאַנט װעט זיך ערשט איצטער ריכטיק צעװאַקסן, און אַז זי װעט מיט דער צײַט פֿאַרנעמען אַ בכבוד'יקן אָרט אין דער ליטע־ראַרישער משפּחה.

י. ל. מאַלאַמוט.



אַ האַרציקן דאַנק אַלע מײַנע חברים און פֿרײַנט װעלכע זענען מיר באַ־הילפֿיג געװען אין דער אױסגאַבע פֿון מײַן בוך.

בתיה בענדער.

# אין ראָד פון לעבן

דאָס לעבן איז אַ ראָד,
און מענטשן טאַנצן אַ שער,
לויפט איינער אַהין,
דער צווייטער אַהער.

און אין ראָד פון לעבן
טאַנצן מינים אלערליי,
אלע ווילן זיך פאַרלירן
אין דער וועלט׳ס געדריי.

## ?װיפֿיל מאָל

װיפֿיל מאָל
האָט דאָס פֿעלד
פֿאַר מיר געשפּרייט
אַ גרינע בעט.

װיפֿיל מאָל
האָט מיך
דער װינט
געטאָן אַ גלעט
און איז אַװעק.

װיפֿיל מאָל
האָב איך געקלעטערט
אַף די בערג
און בין געפֿאַלן.

װיפֿיל מאָל
האָבן זיך מײַנע טרוימען
װי דונערן צופֿאַלן.

וויפיל מאָל
האָב איך זיך געיאָגט
נאָך דער לבנה
און ניט דעריאָגט.

וויפיל מאָל
האָבן מיר
די שטערנדלאך
אַביסל גליק
שוין צוגעזאָגט.

# טעג

פליען טעג,
ווייסע טויבן,
צו די זוימן
פון דער וועלט.
ציען נעכט,
רוען נעכט,
מיט שטילן שווייגן
צו דער וועלט.
אינ׳ם דרימל
פון דער נאַכט
ווערן אויגן צוגעמאַכט,
און עס רוען לאַנגע טעג,
און זיי ציען זיך אין וועג.

נאַכט איז חלום,
נאַכט איז טרוים,
פאַר מענטש און חיה,
גראָז און בוים....

# די וועלט לאַכט

אַזוי ווי אַ לויפנדיקע באַן
האָט דורכגעשוועבט מיין לעבן.

שוועבנדיק האָב איך געטראַכט:
די וועלט איז מיין!
איז געקומען צייט,
און מיך אויסגעלאַכט:
„מיין! — ניט דיין!“

## גזרות

מענטשן —
אָפּגעטיילטע וועלטן.
אַ יעדער מענטש —
אַ וועלט פאַר זיך —
אַליין.

יעדע וועלט
באַפעלט
פאַר דער גאָרער וועלט
נייע, ביטערע גזרות.

יעדע גזרה אַ באַפעל —
קענן זיך אַליין....

# שטויב

שטויבעלע שוועבט,
אַ רגע׳לע לעבט,
טרוקענער בוים,
אייביקייט׳ס ליים....

מענטש, נאַר, —
וועלט׳ס צער —
ווער ביזטו?
גרוים געוויין,
ביזט דאָ —
צו גיין!

# איינזאַמע טעג

איינזאַמע טעג
ברענגען נאָר שרעק,
דערמאָנען אין יאָרן
וואָס זענען אַוועק.

און ווילסטו פאַרגעסן,
אַנטלויפן פון זיך,
איז אומעטום
דיין אייגענער איך....

# אין דער שטיל

כ׳זיץ מיר אַליין,
אין דער שטיל,
באַ דער שיין פון אַ פייער;
אַ ליכטיקער פונק,
פון אַ פינצטערן ווינקל,
שמייכלט צו מיר:
„זיי ניט פאַרצווייפלט,
ס׳צאַנקט נאָך
אַביסעלע פייער אין דיר;
ווען דאָס ליכט
וועט שוין אויפהערן ברענען,
וועט מען דאָס פייער אין דיר,
ערשט דענצמאָל דערקענען....“

# מיינע ליבעס

איך האָב אַמאָל
שטאַרק געליבט
מיט האַרץ
און מיט נשמה,
היינט האָב איך
אַ נייעם גאָט
פון האַס
און פון נקמה.

איך האָב אַמאָל
שטאַרק געליבט
מענטשן — אידעאַלן,
היינט זע איך
אַ ווילדע וועלט,
חיות, קאַניבאַלן.

איך האָב אַמאָל
אין גאָט געגלויבט,
אין גאָט פון רחמנות,
היינט פאַרשטיי איך
אַז דער גאָט
פאָדערט גאָר קרבנות.

איך האָב אַמאָל
אַ הויז געבויעט,
פון אַייזן

און פון שטיינער,
איז מיין הויז
שוין חרוב לאַנג,
עס וואוינט דאָרטן
ניט קיינער.

האָב איך איצטער
זיך פאַרליבט,
און איך חלום ווידער:
שורה'לאַך,
פערעלאַך,
דאָס זענען
מיינע לידער.

## מיינע טעג . . .

אַזוי ווי ברעקלאַך
אוֹיף די וועגן,
זענען צעשפּרייט
מיינע טעג.

יעדער טאָג — אַ טויב,
טוט אַ ברעקעלע אַ פּיק,
און פליט אַוועק צוריק.

נאַכט — אַ רואיקייט,
אַ פאַרגעס,
אין אלעם אַרום,
און אין זיך אַליין,
אַ טרוים פון זיין,
אַ חלום פון געוועזן,
אַזוי ווי דאָס לעבן אַליין....

# מיין לעבן

מיין לעבן —
אַ שטורמדיקער ים,
מיינע געדאַנקען —
שוימענדיקע כוואַליעס
יאָגן זיך אַריבער,
וואַרפן מיך כוואַליעס
פון ברעג צו ברעג,
שטיל איך זיך איין,
און נעם רוישן ווידער.

## אַ שטיין — אַ פילאָזאָף

ליגן שטיינער אף די וועגן
גראָז און בוים מקנא,
אַלע זענען איין משפחה,
אויסגעזויגן פון איין מאַמע.

שטייט אַ בוים אין גאָרטן,
אַ פאַרפּוצטער,
מיט בלומען אַ סך,
„איך, אַ שטאַרקער,
„איך, אַ רייכער!"
לאַך זיך אוים פון אייך!"

הערט אַ בלימעלע די רייד,
און פאַלט פאַרחלש'ט
צו דער ערד אַרונטער.

פילאָזאָפיש שווייגט דער שטיין!
„איך אַליין, בין אויך אַמאָל
אַזוי געווען."

## פויגלען

אַ פויגל, פילאָזאָף,
מיט דאַרע, דינע פיס,
און אַ לאַנגען האַלדז,
די פעדערן פון קאָפּ —
אויסגעפאַלן....
פון צופיל טראַכטן!

אַ פּאַווע
דרייט זיך —
גראַציעז,
קאָקעטיש:
„איך וועל אַלעמאָל זיין!“

אַ ענדיק — אַ שול-באַלעבאָס,
„איך, באַלעבאָס פון שול!“

אַ גאַנדז — אַ ישיבה בחור,
פּאַשעט זיך אף פרעמדע קעסט....

אַ קאַטשקע —
אַ שוואַנגערדיקע
ווייבל....
גייט און קאַטשעט זיך....

אינגע הענדעלאַך —
קליינע קינדערלאַך,

לויפן נאָך דער מאַמען,
פאַרקריכן תמיד, אַהין,
וואו מען דאַרף ניט...
דאַרפן אַלעמאָל
דער מאַמע׳ס השגחה....

קאָלירטע פויגלען —
אינגע מיידלאַך,
געפאַרבטע באַקן,
געשטרייפטע קליידלאַך,
זינגען און שפרינגען,
די וועלט איז זיי קליין.

אַ פּאָפּוגיי —
אַן אַלטע מויד,
קרומט אַלעמען איבער,
קיינער געפעלט איר ניט....

## מענטש און וועלט

מענטש גייט,
וועלט שטייט,
מענטש בויעט,
וועלט נעמט.

מענטש רוישט,
וועלט אַנטוישט.
צייט שוועבט,
וועלט בלייבט....

# אַ נייער הײנט

ווי אַמאָל
וועט מער ניט זײַן,
אַ נייער הײנט
איז ניט ווי פריער.

געעלטערט,
געענדערט,
דערפאַרן.

אין יעדן הײנט
איז דאָ אַמאָלן...
טריב אַראָפּ,
אין טיפע טאָלן,

אלע אַמאָלן
פאַרפאָלגן, דערציילן,
און מאָנען, באַפעלן,
ווערן,
און צושטערן....

אין אַלע הײנטן
איז דאָ אַ נעכטן,
אַ דערציילער

צו דעם מאָרגן,
אַ באַפעלער
אף צו זאָרגן,
אַ געבוירער,
אַ דערמאָרדער,
אלע היינטן
וועלן ביינקען,
און דעם נעכטן
אַלץ געדיינקען....

# אַ שיינע וועלט

ליגן וועגן,
שיינע, ברייטע,
גראָז און בלומען
אויסגעשפּרייטע,
און זיי רופן,
און זיי בעטן:

מענטש, קום ארויס
צו אונדז שפּאַצירן,
הער דעם רויש
פון ווייטע ים׳ן,
אלע ציען זיך צעזאַמן,

זע דעם הימל, און די שטערן,
זע די זון, די לבנה,
פאַר אַלע מענטשן
גאָט׳ס מתנה.

## „פאַטהער“ קאָפּלין

„פאַטהער“ קאָפּלין,
אַ נייער שרייער,
דיינקט ער איז
אַ וועלט־באַפרייער.

רעט און שרייט,
און לאָזט זיך הערן,
לעדיקע געזאַנגען,
פוסטע קלאַנגען!
עס וועט פון זיי
גאָרניט ווערן....

זיינע קלאַסן,
בלויע ראַסן,
צו פאַרטומלען
גאָר די מאַסן,
וועלט׳ס אַ פּיאַווקעלע,
אַ שוואַך נפש׳ל,
שווימט אין מוטנע וואַסערן....
שטייט אף איין פּלאַץ,
פּויקט אין „הללויה“ — טאַץ,
פּאַיאַץ!

# אין אַ שענק

אַ מאָדנע וועלט מיט אומעטיקע מענטשן,
אַלע ווילן פריילאַך זיין,
לאָזט מען איבער אלע דאַגות,
און מען גייט אין שענק אַריין.

איינער וויינט, אַ צווייטער לאַכט,
באַ דעם רויטן גלעזל וויין,
אַ דריטער זיצט זיך סתם פאַרטראַכט,
און שטופּט אַוועק די שוואַרצע נאַכט.

אַזוי פיל אומעט אין די שענקען,
אַזוי פיל ביטערניש אין וויין,
כ'וויל מיין וויי מיט וויין צומישן,
נאָר איך קען ניט שיכור זיין.

# רעגן

זאָג מיר, רעגן,
פון די בלויע הימלען,
ליידן אויך מענטשן
אין די העכערע מקומות,
אפשר זענען עס גאָר טרערן,
פון דורות וואָס ליידן,
און מיר קענען ניט פאַרשטיין
זייער אייביקן שווייגן.

און ווען איך זע דיך רעגן,
דערפרישן אלע בוימער,
ווייס איך ניט, זאָל איך זיך פרייען,
אָדער אפשר גאָר צעוויינען.

## טאַנצנדיקע וואַסערן

טאַנצנדיקע וואַסערן
טראָגן זיך פון הימל,
אפן קאָכיקן ערד־קעסל,
אַ זודיקער טומל.

מיט אימפּעטיקע שוימן,
צו אַלע ים'ן,
לויפן זיך אריבער,
פילן אוים אלע גריבער.

# אַמאָל

כ׳האָב אַמאָל געבײנקט נאָך דיר,
הײנט בין איך אַנדערש, ניט װי פריער.

צײטן הײלן און באַפעלן,
װאָס זײן עס מוז,
װעט דיך ניט פעלן.

װעלט איז גרױס,
פול מיט רױש,
עס דערהײבט
און אַנטױשט,
מענטשן, בלעטעלאַך פון בױמער,
קײן אײביקײט איז ניט קײנער!

# די וועלט

ווי ווייניג איך פֿאַרלאַנג
און איך קריג ניט,
די וועלט פֿאַרמאָגט אַזוי פֿיל
און זי גיט ניט.

ניטאָ ביי וועמען צו מאָנען,
וואָס העלפֿט מיר· מיין רעדן,
מיין טענהן.....

# אַלטע זאַכן

ליגט אַן אַלטער אַפן מיסט
איינגעבויגן איז ער אין דרייען,
און ער חלומ׳ט אַף דאָס ניי
פון אַ וועלט אַ נייער.

אויסגעטרוקנט איז זיין גוף,
בלויז אַ בינטל ביינער,
אַמאָל איז ער געווען
געזונט און שטאַרק,
היינט דאַרף אים שוין ניט קיינער.

אָנגעוואָרפן אַפן מיסט
פילע אַלטע זאַכן —
אַלטע מעבל, אַלטע טעפּ,
כאָטש אַ בריק צו מאַכן.

אַלטע קליידער, אַלטע שיך,
אַ מאַשין וואָס איז געלאָפן,
אַ פידל וואָס געשפּילט קאָנצערט
ליגט אויך אין מיסט צעבראָכן.

און דער אַלטער פילט זיך גוט
צווישן אַלע אַלטע זאַכן,
ער ווי זיי אַלט און שוואַך,
עס האָט די עלטער אים צעבראָכן.

## הונגער

ליידיקע פּאָליצעס
קוקן אַראָפּ בייז,
דער טיש ניט געדעקט,
פאַרשעמט.

טרוקענע טעלער,
טעפּ קאָכן ניט מער,
לעפל ווי טויטע,
רירן זיך ניט פון אָרט.

הונגעריקע קינדערלאַך
לויפן נאָך דער מאַמען,
ווילן עסן.

קוקט זי אַף די פּאָליצעס,
און אַפן טיש;
מיט פאַרטרערטע אויגן
בלייבט זי שטיין,
שטום, צעמישט.

עפנט אירע אויגן,
קוקט ברייט און ווייט,
זעט זי — חזרים —
פעטע און זאַט
עס פּאַשען זיך בהמות

אַף די פעלדער, די גרינע,
און מיר זענען פאַרשפּאַרט
ווי אין שטייגן,
די הינער.

מען האָדעוועט הענדעקעס,
קאַטשקעס און גענדז,
און אונז מענטשן
עסן גאָר פעלט.
צי זענען מיר ווערים,
צי זענען מיר שלענג,
וואָס פאַר אונז די שיינע וועלט
איז פינצטער און ענג?

# מיינע גריסן

ווען די ערד וועט מיך פאַרדעקן
און דער ווינט מיך מערנישט וועקן,
וועל איך דורך גראָזן גרינע
צו וועלט דערהויבן און ווידער נעמן לעבן.

וועט די זון מיך ווידער גלעטן
און דער רעגן מיך דערפרישן,
וועל איך דורך גראָזן־שפּראָכן
צו אייך שיקן מיינע גריסן.

## גערוועזענע מענטשן

אָפּגעהאַקטע בוימער,
פאַרוויאַנעטע גראָזן,
אויסגעלאָשענע לאָמפּן,
שטייענדיקע וואַסערן —
וועלטס-טרויער !

## אַ מענטש

אַ געהיים.
סודות׳דיק לעבט,
דורות׳דיק רעט,
אייביקייט פּירט —
ווייסט ניט וואוהין,
אַ מענטש האָט געלעבט !

# ניט דערקענט

פֿאַר אַלעמען איז מײַן טיש
געווען געדעקט,
און אַ בעט געשפּרייט.

כ'האָב אין יעדן גאָרטן
אַ קערנדל פֿאַרזייעט,
זיך געפּרייט מיט יעדער
קומענדיקער בלום.

בין איך צו מײַן גאָרטן געקומען,
האָט מיך בלום נישט דערקענט,
מיר צעשטאָכן מײַנע הענט.

# מיינע בלוטן

מיינע בלוטן
קאָכן אין מיר,
לאָזן מיך ניט רוען,
איך קען שוין ניט צוזען
דאָס ליידן פון מענטשן.

פּנימער בלאַסע,
אויסגעדאַרטע גופן,
סקאַלעטן,
וואַלגערן זיך
אין די גאַסן,
אָן טרינקען,
אָן עסן.

לעבעדיקע מתים,
די וועלט — פאַר זיי,
אַ בית־עולם.

## איילנדיקע וואַסערלאַך

שוימנדיקע, איילנדיקע וואַסערלאַך,
וואוהין לויפט איר אַלעמאָל?
צי האָט איר שוין אַ פּלאַץ געפונען,
פאַר מענטשן צו רוען,
אויף באַרג, צי אין טאָל?

אָ וואַסערלאַך פון אייביקע יאָרן,
זאָגט מיר אוים דעם סוד,
צי האָט איר שוין אַמאָל געזען,
דאָס וואָס מען רופט אָן גאָט?

פאַרוואָס-זשע ליגט ער גאָר באַהאַלטן,
און מען קען אים קיינמאָל ניט זען?
און ער וויל זיינע קינדער ניט העלפן,
צי זענען זיי שלעכטע געוועזן?

זאָגט מיר, איך בעט אייך,
איז גאָט אַ גערעכטער,
וואָס צעטיילט ער האָט די וועלט,
איינעם געגיבן אַלע רעכטע,
אַ צווייטן הונגער און קעלט?

## ביינקשאַפט

איך ביינק נאָך ליבע,
ביינק נאָך אַ טרייסט,
עס ציט צו אַ האַרץ,
וואָס קלאַפּן זאָל הייס.

איך וויל ניט קיין שטילקייט,
איך וויל איז גערויש,
אין שטילקייט פאַרגייען דורות,
וואָס זאָגן ניט אַרויס.

קורץ איז די פרייד,
דער טרויער איז גרויס!

# מיינע קינדער

מיינע קינדער,
מיינע טויבן,
אַלע מאָל
זענט איר מיט מיר.

אפילו ווען איר
זענט אַוועק געפלויגן
זענט איר
אויך מיט מיר.

מיינע קינדער,
מיינע טויבן,
פליען, זוכן
אַ נייע נעסט.

די אַלטע נעסט
הייבט אָן צעפאַלן.

פליען מיינע טייבעלאַך
אַוועק,
נייע פעדערלאַך
צו זוכן,
און צו בויען
זיך אַ נעסט.

מיינע קינדער,
מיינע טויבן
בויעט אויס
אַ שטאַרקע נעסט,
זאָל איך קיינער
ניט צושטערן,
איר זאָלט אימער
שטייען שטאַרק און פעסט.

## מיט רייזין און לוצקין

אַ נאַכט האָב איך פאַרבראַכט אַ שיינע,
פריילאך געווען און געטרונקען ווייַן,
באַגריסט האָב איך מיינע חברים,
רייזין און לוצקין, פיין.

זינגען וועט מען זייערע לידער,
ווען איך וועל דאָ שוין ניט זיין,
הויב איך מיין כוס, פאַר שפּעטערע דורות,
וואָס וועלן פיל גליקלאכער זיין.

## אַ וואַלד

שטייט אַ וואַלד,
אַן אייביקייט,
געוויקסן אַלערליי,
גייט פאַרביי
אַ מענטש און טראַכט:
— אַך ווי גוט
איז זיי!"
קומט אַ שטורם,
אַ געוויטער,
יעדעם בלעטל
כאַפּט אַ ציטער,
קלאַפּט אַ רעגן
טריפּ, טראָפּ,
פאַלן בלעטלאַך,
אַראָפּ, אַראָפּ,
און זיי זאָגן,
וויינען, קלאָגן,
— מענטש, דו נאַר,
זע מיין סוף,
זע!

## אַף די גרינע פעלדער

אך, ווי עס ציט מיך
צו די גרינע פעלדער,
וואו די גראָזן זענען גרין,
און אין די ברייטע, ווייטע וועלדער
ווי ציט עס מיך אַהין!

וואו די בוימער,
הויכע, שלאַנקע,
שאָקלען מיט די קעפּ
צו מיר,
און די פייגעלאך
די קליינע,
מיט קאָלירן, אַלערליי,
צו מיר ווינקען,
לידער זינגען,
רופן מיך צו זיי. . . .

און איך, אַ מענטש,
גרויס געוואקסן,
פיל זיך קלענער
נאָך פון זיי. . . .

# איבער נאַכט

טרעפט אַ נאַכט,
איך קען ניט שלאָפן,
ליג איך — די אויגן אָפן.

איך בין וואַך,
זע איך בילדער,
און געשטאַלטן,
אין פאַנטאַזיע רייך.

כאַפּ איך זיך
דאָס אַלץ פאַרשרייבן,
און דריק געפילן אויס,
וואַכט אויף אַ טאָג, אַ העלער,
און ער לאַכט מיך אויס,
וואָס געשריבן האָב איך נעכטן,
מעק איך היינט גאָר אויס....

# אַ נאַכט

די נאַכט איז רואיק,
אַלע שלאָפן שטיל,
זיץ איך בײַ מײַן פענצטער,
און ווייס ניט וואָס איך וויל.

פליען אָן מחשבות,
טראָגן מיך אַוועק,
צו די ברייטע ים'ן,
וואָס ליגן ווייט צעשפּרייט,
און מיט קאָכעדיקע שוימען,
לויפן זיי צום ברעג,
ווער איך בײַ זיי אַ שפּענדל,
און שווים מיט זיי אַוועק.

# מיינע קליידער

זאָלן מיינע קליידער
אייך ניט שרעקן,
כ׳בין ניט קראַנק געווען,
בלויז דער קאָפּ
פּלעגט רוישן,
און דאָס האַרץ
מיר ברעכן,
פון דער אומגערעכטיקייט
שטענדיק צוזוזען.

זאָלן מיינע קליידער
אייך ניט שרעקן,
טראָגן מעגט איר זיי,
געזונטערהייט.

אַ געזונטער קערפּער
מיט אַ האַרץ — צעבראָכן,
פּלעגט די קליידער טראָגן,
און נאָך מיין פאַרלאָזן
אָט די וועלט, די ווייסע,
וועל איך מער ניט צוזען
די אומגערעכטע שוואַרצע מאַסע
וואָס קוקט נאָר אין שפּיגל
זעט נאָר זיך אַליין. . . .

# אָט דאָס איז מיין לעבן

כ׳האָב אין מיין לעבן
געליטן זייער פיל,
זיך ניט פאַרלוירן,
דערגרייכט מיין ציל.

אַלע מיינע וועגן
געווען זענען פאַרשטעלט,
האָב אַלעם צעבראָכן,
געבויעט אַ נייע וועלט.

אין דער וועלט
דער נייער
האָב איך מענטשן דערזען,
מיט נשמות פרייע,
וואָס קענען מיך פאַרשטיין.

# דער לעצטער פלאם

פון דעם וואָס געטרוימט
איז ניטאָ מעהר,
דאָס ליכט ברענט מיט דעם לעצטן פלאַם.

די געדאַנקען ווי שטויבן
שוועבן צו די הויכן
דאָס אויג פאַרגיסט
איר לעצטן טרער.

דאָס האַרץ פאַר דיר
וועט מער ניט קלאפּן,
מיינע ליפּן ניט קושן
דיך מער.

דיין גרויסקייט געפאַלן,
דער גייסט צעבראָכן,
דאָס ליכט ברענט
מיט דעם לעצטן פלאַם.

## שטילע נאַכט

אין דער שטילקייט
פון דער נאַכט,
אָטעם איך דעם גיפט
פון טאָג ארויס.
ניט איך זאָרג,
ניט איך טראַכט,
נשמה רוט אַביסל אוים.

## די נאַכט

שעהן לאַנג האָט די נאַכט,
אויסגעשוויגן איר טרויער,
פילאָזאָפיש געטראַכט,
זיך אָפּגעזעגנט מיט אלעס אַרום,
און מיט שטילער רואיקייט
באַ די ווענט פון דער וועלט
איר טרויער מאַנטל אויסגעטאָן.

# אָן פליגל

איך ליג אַפן פעלד,
זאַפּ אין זיך פרישקייט אַריין,
זינגען פויגל צו מיר לידער
און פאַרפירן מיך
אין אַ וועלט געזאַנג.

וויל איך זיך אויפהייבן
און פליען מיט זיי,
נאָר אַ מענטש בין איך באַשאַפן,
און עס פעלט מיר פליגל צוויי. . . .

## פאַרוואָס ?

פאַרוואָס ?
ווען אַלע זיינען פריילאך,
בין איך אומעטיג
און אַליין . . .
און ווען איך הער
זיסע מוזיק טענער,
ווער איך טרויעריג
און וויין ?

## איך בין אַ בוים

מענטשן . . . גייענדע בוימער . . .
בליען און פאַרגייען;
איך בין אַ בוים
מיט בליענדע צווייגען,
יעדע צווייגעלע
אַ גאָרטען פאַר זיך אַליין,
געקומען צו זיין
און צו בלייבען
זיינען די צווייגן פון מיר.

# אַ־בעטסלאָזע

ציען זיך רייען,
אַרבעטסלאָזע מאַסן,
פּנימער בלאַסע
פון הונגער פאַרשמאַכט,
וואַרטן צו קריגן
עפּעס צום עסן,
אַ פלאַץ וואו צו שלאָפן אַ נאַכט.
קומען צעלויפן
דאַמען, געזונטע,
פאַרפּוצטע,
ווערן גוטהאַרציקע
הילפער פאַר אייך.

גיבן אייך ברעקלאַך
פון זייערע טישן,
און דיינקען
זיי טוען א סך....

הונגעריקע,
אויסגעמאַטערטע
מאַסן,
ציען זיך רייען נאָך רייען,
רייען נאָך רייען,
בעטלער געוואָרן,
אינ׳ם לאַנד,
אינ׳ם פרייען.

## אוצרות

טיף אין מיין האַרצן
באַהאַלטן ליגט פיל
אוצרות מיט ליבע,
אוצרות געפיל.

אָפט מאָל רייסט זיך אַרויס
אַ פריילאך געזאַנג
באַגלייט מיט אַ טרער,
עס טוט מיר ניט באַנג.

# מיט זיך אַליין

עס ווילט זיך מיר שטילקייט,
אַביסעלע רו;
מיד בין איך שוין פון רויש,
פאַרגעסן וויל איך
אין שיינק, אין קאַפֿע,
און אויך אין דער שטויביגער גאַס.

אָט דאָ, אין מיין צימער,
איינע אַליין,
פיל איך זיך פריילאך און שטיל;
איך פאַרגעס מיין אומעט,
אויך מיין קאַפּריז,
שטיל מיינע ליידען,
מיט וואָס נאָר איך וויל.

## אַ טרייסט

האַלט שטאָלץ דיין קאָפּ,
און וויין ניט מער,
ער האָט ניט די ווערט
דיין זיפץ, דיין טרער.

דו ביזט נאָך יונג,
דיין וועג איז ברייט,
מיט גראָז און בלומען אויסגעשפּרייט;
נישט דערצייל דיין פּיין, דיין וויי,
און דיין שונא ניט דערפריי.
אויב דו וועסט אין זיך ניט גלויבען,
וועט דיך קיינער ניט דערהויבן.
האַלט שטאָלץ דיין קאָפּ,
און וויין ניט מער.

# דער טאָג

אַ גבור,
אויסגעשטרעקטע הענט
עפנט די אויגן,
פּראַלט אויף אַ מויל:
— איך בין דאָ!"

צינדט ער אָן
אין מזרח דעם הימל,
ווערט אַ ליאַרם און אַ טומל.

אַ געוויש אין אַלע שפּראַכן,
אַן אויספּאַרקויף פון אַלע זאַכן,
אַ געמיש פון וויינען — לאַכן,
אַ געלאָף פון אַלע מינים,
אַלע זוכן זיי חיונה,
מענטשן האַווען ווי די בינען,
עראָפּלאַנען און מאַשינען,
יאָגן איבער אַלע באַנען,
און מען שרעקט זיך,
מ'עט פאַרזאַמען....

# בלום און בוים

ניט געצערטלט
פון קיין ווינט,
ניט געוואַרמט
פון קיין זון,
אין אַ ווינקל
אױף דער ערד
זיך צעבליעט
האָט אַ בלום.

אויסגעחלומט
זיך פון טרוים
זיך צעבליעט
האָט אַ בוים.

## דער ים . . .

בלויער ים, קאָכעדיקע כוואַליעס,
וועלטס גרויסער סוד,
עס לעבן אין אייך מיליאָנען מינים —
פיש און חיות,
און אין אייער טיפקייט,
ליגט דער גרויסער סוד.

איז אייער לעבן אויך אַ שווערער
ווי אונז, מענטשנכוואַליעס, דאָ?
מיר לויפן אויך פון ברעג צו ברעג־וועלט,
און האָבן ניט קיין רו.

## אַ נייע וועלט . . .

אַ נייע וועלט פון שטאָל און אייזן
אַלע קענען וואָס באַווייזן,
ניטאָ קיין פערד, ניטאָ קיין וואָגן,
מענטשן פליען, מענטשן יאָגן,
אַ נייע וועלט, רייך און שיין —

דאָס טעאַטער באַ זיך אינדערהיים,
מוזיק שפילט אָן שיער,
פון לענדער ווייטע, רעדט מען צו דיר,
אַלעס שיין, אַלעס ניי,
אָבער, מענטש, דו ביזט נאָך אַלץ ניט פריי.

## סודות . . .

פון שוואַרצע וואָלקנס
פלעכט איך גאָלדענע צעפּ,
אין יעדן חושך זע איך ליכטיקע שטראַלן,
יעדער ווינטעלע דערציילט מיר סודות,
יעדעם גרעזעלע ציטערט פאַר׳ן סוף,
יעדער בוים דענקט ער איז אַ וואַלד,
יעדער רעגן־טראָפּן דענקט ער איז אַ ים,
אַלע פויגלען דענקען, זיי זענען אָדלער,
אָבער קיינער ווייסט נאָך ניט דעם סוד —
פון זיך אַליין.

## אַ געבעט

וועלט, דו שיינע . . .
דו ביזט גרויס און ברייט,
און איך — אַ גאַסט באַ דיר, דאָ,
שוועב אַרום און בעט,
אַז דו זאָלסט מיך ניט פאַרשעמען,
פאַר מיר עפענען דיין טיר,
און דערפרישן מיין נשמה,
איך בין אַ טייל פון דיר. . . .

# בוימער . . .

ליגן פעלדער אויסגעצויגן,
ווי קאַלירדייכע קאָווייאָרן,
שטייען בוימער, וואַכע שומרים,
נעמען זיך באַקלאָגן:
פאַר אונדז די ערד,
איז גאָר אַ תפיסה,
הימל היינט און הימל תמיד,
ווען ניט אַ פויגעלע, אַ זשוקל,
אויסגיין וואָלטן מיר פון אומעט,
און קומט אַמאָל א האַק, אַ גבור,
און וויל אונדז שוין פון ערד באַפרייען
הייצט מען איין א גרויסן אויווען,
און מען מאַכט פון אונדז אַ פייער....

# אינהאַלט